

ל. קוויטקאָ

# פֿײַער אױף די סאָנים!

ISBN: 0-657-11512-6

01-157

אָגיז

מעלוכע-פֿאַרלאַג „דער עמעס", מאָסקווע 1941

ל. קוויטקאָ

# פײַער אפ די סאָנים!

אָ ג י ז
מעלוכע-פארלאג „דער עמעס"
מאָסקווע ★ 1941

# אינהאלט

זײַט



Л. Квитко

ОГОНЬ ПО ВРАГАМ

Редактор *Б. Гольденберг*

Подписано к печати 28/VII 1941 г. А 40485. Тираж 5.000. Цена 35 коп.
1 п. л., 0,9 уч. изд. п. л. Зак. 469.

17-я ф-ка национальной книги Огиза РСФСР треста «Полиграфкнига,
Москва, Шлюзовая наб., 10.

# פֿײַער אױף די סאָנים!

פֿײַער אױף די סאָנים, פֿײַער!
װײַל דאָס לעבן איז אונדז טײַער,
װײַל צו לעבן איז אונדז גוט,
װײַל סע קריכט דער מיִעסער סוינע
אויסצאפּן פֿונ אונדז דאָס בלוט,
שענדן אלץ, װאָס אונדז איז טײַער, —
פֿײַער, פֿײַער, פֿײַער, פֿײַער!

פֿײַער אױף די סאָנים, פֿײַער!
װײַל דאָס היימלאנד איז אונדז טײַער,
היימלאנד, מאמעס, קינדער, — אלץ.
װײַל ס'פֿארמעסט זיך דער מענגוול
איבערבײַסן אונדז דעם האלדז,
רויבן אלץ, װאָס אונדז איז טײַער.
פֿײַער, פֿײַער, פֿײַער, פֿײַער!

פײַער אױף די סאָנים, פײַער!
לײַב און לעבן אונדזער טײַערס
שטעלן מיר פאַר אונדזער הײם!
אונדזער ערד װעט ניט פאַרלײַדן
קײן שום קרעץ אױף איר געבײן!
פײַער אױף די סאָנים, פײַער!
פײַער, פײַער, פײַער, פײַער!

## טויט די צעשטערער

און וויפל הארץ און מי — אין אלץ, וואָס מיר האָבן געבויט! —
אָן אונדז וואָלט וויסט געווען די וועלט, וואָס לעכצט נאָך פרייַהייַט!
און זיי, — זיי פרייט בא קינדער אויסרייַסן דעם ביסן ברויט,
פארניכטן, שענדן אלץ, וואָס אונדז איז טייַער!

דאָס וועט ניט זייַן! אף לאנג, אף אייביק שוין מיר זייַנען דאָ.
און מערדער וועלן ניט זייַן אונדז קיין באפעלער!
די כייַע רויבט, זי פרעסט אריַין, די כייַע האָט א כייַע-שאָ —
נאָר וואָס זי גרעסער ווערט, — ווערט דער אויסגאנג שמעלער.

ס'א פרײַע ערד בא אונדז. געשניצט, געבויט לויט לענינס שניט,
און סטאלינס פלאמיק הארצ סע טוט דאָ שלאָגן,
פון אלע אופשטײַגנ דעם פאָלקס, — מע זעט דאָ אָנ די טריט,
ס'א שטאָלצע ערד, זי וועט קיינ יאָכ ניט טראָגנ!

דאָס גרויסע לאנד געבויט האָבנ מיר פאר אונדז אליינ, —
און נאָר פאר אונדז — אזוי־אָ פרעכטיק־בלענדיק!
ס'וועט ריידנ היים מיט אײַכ א יעדער שטומער שטיינ,
ביז מיר וועלנ אײַכ אָפמעקנ אפ שטענדיק!

## ווינטשעוואניעס

זיך אָנגעזויפּט מיט פרעמדנ בלוט לעראָוו,
נאָר קארג איז אים, נאָכ קריכט ער טייטנ, צינדנ.
איז זאָל איצט זײַנ דער אָנהייב פונ זײַנ סאָפ —
מיר הייבנ אָנ, מיר הייבנ אָנ אים שינדנ!

שינד דעמ היצל,
דרויבל אים,
ערלעכ אים בארעכנ! —
די גאנצע וועלט דערהערנ זאָל,
ווי זײַנע ביינער ברעכנ!

דער איישעריק, — ער עסט נאָר אופ דאָס ברויט,
צו שווערער קרענק — פיל טרופּעס קענ מענ טוענ,—
אונ ער פרעסט אופ די ביינער מיט דער הויט!
ער איז די קרענק, וואָס האָט נאָר איינ רעפוע!

שינד דעם היצל,
דרויבל אים,
טרײַב די פעסט די שווארצע!
דער שיינער וועלט זאָל גיכער שוין
אראָפּ דער שטיין פון הארצן!

אפילע ווענט האָבן זיך שוין אויסגעבענקט
נאָך אופרופן: „— מיט פולער האנט זיי צאָלן!“
מיר זײַנען זיי מעכאבעד מיט א שיינ געשענק —
א שלאקסרעגן פון פײַערן און שטאָלן!

שינד דעם היצל,
דרויבל אים,
טיל און טעל, צעשטויבן!
די וועלט — פאר פרייד זאָל דונערן,
דער הימל — זאָל זיך הויבן!

איר, פעלקער אויסגעמארכעוועטע, הערט!
דעם קאָפּ הייבט אופ. כאפּט אָפּ דעם אָטעם! —
ס'האָט אופגעהויבן זיך די פרײַסטע ערד
מיט פעלקער מעכטיקע, מיט אופגעריכטע שוואָטים!

שינד דעם היצל,
דרויבל אים,
טויט די רויב-כאווריײַע,
ס'גרייט די וועלט זיך פראווען אים
א פריילעכע לעווײַע!

# א ליד

1

מיר שנײַדן, וואָס מיר זייען,
דעם בעסטן ווייץ און גערשטן.
אין זייען פרײַ און שנײַדן פרײַ —
איז אונדזער לאַנד דאָס ערשטע!

שאַרף איז אונדזער אַקער,
שאַרפער נאָך די שווערד.
די רויטאַרמיי אין פײַער גייט
פאַר אונדזער פרײַער ערד!

געזונט זאָל אונדז זײַן אונדזער רויטע אַרמיי —
אַלע איינציקע און יעדער פון זיי!

2

ווי מענטשן סע געראָטן,
געראָט אונדז ווייץ און קאָרן,

פאר אונדז — א גרויס גערעטעניש,
דעם פײַנט — אין אויג א דאָרן!

שארפ איז אונדזער אקער,
שארפער נאָכ די שווערד.
די רויטארמיי אינ פײַער גייט
פאר אונדזער פרײַער ערד!

געזונט זאָל אונדז זײַנ אונדזער רויטע ארמיי —
אלע איניינעמ אונ יעדער פונ זיי!

3

אונ ס'האָט די שאָ געטראָפנ —
אונדז אלעמענ באדארפ מענ:
איז בײַטנ מיר דעם אקער־קלונג
אפ א שווערד א שארפער!

שארפ איז אונדזער אקער,
שארפער נאָכ די שווערד.
די רויטארמיי אינ פײַער גייט
פאר אונדזער פרײַער ערד!

געזונט זאָל אונדז זײַנ אונדזער רויטע ארמיי —
אלע איניינעמ אונ יעדער פונ זיי!

## יונגע שיסער

גיסט א רעגן א געשמאקער, —
לאָמיר גיכער וואקסן!
שטארקע הענט און רויטע באקן,
העכער אין די אקסל.

וואקסן קינדער גיכער, שטארקער
וואָראָשילאָוו־שיסער!
ליאפּעט וואָלקנס, גיסט געשמאקער,
וואָלקנס, רעגן־גיסער!

אז מיר וועלן צו דעם פּריזיוו
זיך איינגיכן שטעלן,
זאָל אונדז אונדזער ליבער סטאלין
פאר ארמייער וועלן,

זאָל אונדז שטעלן מיט די שיסער
אין די ערשטע רייען,

אז מיר זאָלן די פאַשיסטן
קעפּ אַרונטערדרייען!

מירן פֿירן עראָפּלאַנען,
מירן פֿירן טאַנקען.
פֿײַנט ניט ווייסן וועט, פֿונוואַנען
מירן אים דערלאַנגען!

וואָס מיר ווייסן — ווייסן מיר:
דאָרט, וווּ רויטע זײַנען
דאָרט די פֿעלקער, ווייסן מיר, —
פֿרייען זיך און שײַנען!

וואָס מיר ווייסן — ווייסן מיר:
וווּ פאַשיסטן זײַנען,
דאָרט איז אומגליק, ווייסן מיר, —
דאָרט איז בלוט און פּײַנען!

## ווי זונ איז א זונ

ווי זונ איז א זונ אונ ווי ערד איז א ערד —
באָלשעוויקעם צו זײַנ איז אפ אייביק באשערט!
מיר קענענ אנטווײנענ! מיר האָבנ אנטוויינט
פיל אייגענע שלאנגענ אונ פרעמדע שלענג.
אפ אונדז זיי פארהייבנ די גיריקע קעפּ —
אינ בלוטיקער גלוסטונג נאָכ שטעט אונ נאָכ סטעפּ!
אינ דורשטיקער גלוסטונג נאָכ אונדזער געביינ —
איז הייבנ מיר אופ א צענפאכנ שטיינ!
איז לאָזט זיכ אינ מארש אונדזער אויסגעפּרוווט לאנד,
אונ אלע די הענט — איינ געפאנצערטע האנט!
אויב דער סוינע איז סאמ, דער טויטלעכסטער סאם —
וועט אימ צעטרײַבנ ווי רויכ אונדזער פלאמ!
אויב זייערע קעפּ — פונ אײַזנ אונ שטיינ —
ווערנ זיי צעבראָכנ אינ אונדזער געביינ!
מיר זײַנענ קיינ קנעכט, קיינ דערווײַליקע שײַנ —
מיר זײַנענ געקומענ אפ אייביק צו זײַנ!
מיר שלאָגנ אפ זיכער, מיר ווייסנ די גענג —
מיר ווייסנ, ווי'זוי צו באגעגענענ שלענג!

## ווייל סטאלין אונדז פירט

איר מעגט זיך נאָך ווארפן ווי שלאנגען,
אונדז וועלן פארקאָווען אין פענט —
מיר וועלן סײַ־ווי אײַך דערלאנגען,
צונישט מאכן אײַך ביזן שפּענט!

די ערד בא אונדז איז שוין אזא מין, —
פארלײַדט ניט קיין קרעץ אפ איר גוף.
מיר וועלן ניט לאָזן פארסאמען
מיט פעסט אונדזער זויבערע לופט!

ס'זאָל ריין זײַן און פריילעך און זויבער,
ווי לענינס, ווי סטאלינס פארשטאנד.
צעשלאָגן די בלוטזויגערס, רויבער
איז קיינמאָל ניט מיד אונדזער האנט!

ווייַל סטאלין אונדז פירט אין די שלאכטן,
ווייַל סטאלין מיט אונדז קעגן זיי,
ווייַל אלע סאָוועטישע פעלקער
זײַנען זײַן רויטע ארמיי!

# איינס גערענק!

1

אַן אופהער ארבעטן
אין אלע וואכטעם, —
דעם זיג דערשלאָגט מען זיך
אין שווערע שלאכטן.
ווער דו ביסט,
ווו דו ביסט,
מערער גיב
ווי דו גיסט,
און איינס נאָר טראכטן:
אז ווער דו ביסט,
און ווו דו ביסט, —
העלפ פארניכטן
דעם פאשיסט!

2

די קרעפטן אונדזערע
און אונדזער איינהײט, —
דערפילט דער סוינע שוין
אף זײַנע ביינער.

ווער דו ביסט,
ווּ דו ביסט,
מערער גיב
ווי דו גיסט,
געדענקען איינס נאָר:
אז ווער דו ביסט,
און ווּ דו ביסט, —
ברען און בראָט אים,
דעם פאשיסט!

3

פאר אונדזער סטאלינען,
פאר אונדזער היימלאנד
דאָס לעבן טײַערע
מיר וועלן שענקען!

ווער דו ביסט,
ווּ דו ביסט,
מערער גיב
ווי דו גיסט,
און איינס געדענקען:
אז ווער דו ביסט,
און ווּ דו ביסט, —
דערשלאָגן מוזטו
דעם פאשיסט!

# מארש פון אָפּאָלטשענצעס

אָפּאָלטשענצעס, לײַט געניטע,
פון פיל שלאַכטן האַרט, ווי שטאָל!
אונדז, די גרויסע פײַער־מאַכנעס,
רופט דאָס הײמלאַנד ווי אַמאָל.

די פאַשיסטן גלוסט זיך,
מ י ר זאָלן זײ דינען. —
מירן זײ באַדינען,
דאָס בלוט זאָל זײ אַנטרינען!

שווערן מיר,
שווערן מיר —
קײן רו ניט האָבן, —
ביז מירן ניט צעמיימעסן
דעם קאַט און אים באַגראָבן!

גרויסער סטאַלין, פרײַנט געטרײַער,
האָסט דערפילט אונדזער באַגער:
פיר אין שלאַכט אונדז פאַר דער פרײַהײַט,
פיר מיט גליק ווי ביז אַהער!

ז י י רופן זיך זײַדנס!
א ו נ ד ז רופן זײ קלאָטשע!

ז יי דארפֿן אונדז פּרעסן —
און מ י ר — די אויגן גלאָטשען!

שווערן מיר,
שווערן מיר —
קיין רו ניט האָבן, —
ביז מירן ניט צעמיימעסן
דעם קאַט און אים באַגראָבן!

הייליק איז אונדזער מילכאָמע, —
פֿעלקער ווילן לעבן פֿרײַ!
פּאַרן זיג איבער די מערדער
איז אונדז אַלץ, אונדז אַלץ קעדײַ!

אַז די לײַט זיך גרויסן
מיט די מערדער־טאַטן. —
נאָר סע רופֿט די וועלט זיי
פֿעלקער־מערדער, קאַטן!

שווערן מיר,
שווערן מיר —
קיין רו ניט האָבן, —
ביז מירן ניט צעמיימעסן
דעם קאַט און אים באַגראָבן!

# באַגלייט־ליד

קינדער מײַנע, פּאָרט געזונטערהייט,
קינדער מײַנע, אײַלט אין דער מילכאָמע!
די פאשיסטן ווילן יונגערהייט
טייטן אײַער גוף מיט דער נעשאָמע!

קינדער מײַנע, איינס נאָר פאַרגעדענקט:
נאָר אין אײַער שלאָגן זיך געווענדט איז, —
צי דאָס לעבן זאָל אונדז זײַן געשענקט
אָדער זײַן געפּײַניקטע אין פענטעם.

קינדער, הערט, ניט מויכל זײַן דעם פײַנט
פאַרן מאָרדן, פּײַניקן און שענדן,
פאַר דער מוטערס פײַן צאָלט אָפּ, פאַר פרײַנט,
פאַר די יינגלעכס אויסגעפליקטע לענדן...

קינדער מײַנע, גרינגער איז דער טויט —
ווי דעם שינדער פאַר די פיס צו ליגן.
גייט, ווי רוסן גייען קעגן טויט —
דרייסט, אָן שרעק פאַרויס,—און איר וועט זיגן!

קינדער מײַנע, אײַך באַגלייט דאָס פאָלק,
אַלע פעלקער טוען אײַך באַגלייטן.
אַלע וואַרטן פון אײַך איינס: ד ע ר פ אָ ל ג!
איר מוזט, איר וועט די סאָנים טייטן!

# העלדנ

ציַיטנ וועלנ קומענ,
ציַיטנ וועלנ גייַנ, —
נאָר דער רום פונ פעלקער
אייביק וועט באשטייַנ.

הייליק זיַינ אפּ אייביק
וועט אָט דער גערעאנגל
פונ די פעלקער פריַיע
מיט די מאכנעם שלאנגענ.

ווי מע איז געגאנגענ
צאָרנדיק אינ פיַיער!
— אויסראָטנ די קנעכטשאפט,
ראטעווענ די פריַיהיַיט!

ווי די פּראָסטע מענטשנ
האָבנ זיכ געשלאָגנ —
אייביק זייער נאָמענ
וועט אינ וועלט זיכ טראָגנ!

## קאפּיטאַן גאַסטעלאָ

קאַפּיטאַן גאַסטעלאָ
שלאָגט זיי, די באָמבירער,
שלאָגט און קוקט צום ערד־שלאַכט,
וואָס די טאַנקען פירן.

ערד און הימל קראַכן,
פייַער־פלאַם־געווימל, —
און ער האָט אין זינען
ביידע: ערד און הימל.

די פאַשיסטן וואַרפן
נייַע טאַנקען שווערע, —
אונדזער פייַער טרעפט זיי —
פייַער־ברוך זיי ווערן.

פרישע וואַרפט דער סוינע, —
אונדזער פייַער אַקערט,

און גאסטעלאָ רעגנט,
פלוצעם — ס'האָט צעפלאקערט:

אין בענזין גאסטעלאָס —
א סנאריאד געטראָפן.
די מאשין גאסטעלאָס
ווערט מיט פלאם פארלאָפן.

זײַן מאשין — אין סרייפע,
ער אליין — אין פלאמען,
מיטן פאראשוט נאָך
מ'קאָן אראָפּ פונדאנען.

קאפיטאן גאסטעלאָ
טראכט ניט פון זײַן לעבן,
טראכט, ווי'זוי דעם סוינע
אינעם הארצן געבן!

זײַן פילאָטקע ברענט שוין,
זײַנע הענט אין פײַער.
די מאשין ער פירט נאָך —
יעדער ווײַל איז טײַער!

אָט אהינצו וועט ער
זײַן מאשין פארקערן:

צו דעם סוינעס לאגער
טאנקענ און ציסטערנעס.

און מיט זייַנ מאשינ דאָרט,
וואָס איז הוילע פלאקער —
וואַרפט ער זיך ארופעט
אפנ סוינעס לאגער.

סאמע אינדערמיטנ
וואַרפט ער זיך ארונטער,
און דעם סוינעס ברענוואַרג
צינדט ער מיט זיך אונטער!

די ציסטערנעס פלאצנ —
ערד און הימל קערנ!
— קאפיטאנ גאסטעלאָ, —
לויכטסט אופ, ווי א שטערנ!

האָסט פארברענט דייַנ לעבנ —
נאָר דעם פייַנט געבראָכנ!
האָסט פארברענט דייַנ לעבנ —
פאר דייַנ פאָלקס ניצאָכנ!

דו וועסט לעבנ אייביק
אינ די הערצער טרייַע.
זונ דו היימ-געליבטער,
זונ פונ פעלקער פרייַע!

## כאריטאָנאָוו

טײַערער, טײַערער פרײַנט כאריטאָנאָוו,
דו קענסט דײַנ שטעטל באשטײנ!
טײַערער פליִער, פרײַנט כאריטאָנאָוו —
א געזונט דיר אינ דײַנ געבײנ!

ווי ס׳האָט זיכ נעבעכ דער „יונקערס“ געריסנ
אנטלויפנ פונ דיר אינ עק-וועלט!
כאָטש ער האָט ניט אופגעהערט דיכ צו באשיסנ,
אונ דיר האָט שוינ קוילנ געפעלט!

כ׳זע דיכ: די אויגנ פארזשמורעט, דו יאָגסט זיכ,
ער וועט שוינ פונ דיר ניט אוועק!
אָט שוינ קימאט בא זײַנ פליגל דו טראָגסט זיכ,
אונ אָט טוסט א קער צו זײַנ עק.

טײַערער כאווער, פארשטעל כאָטש דאָס פאָנעם,
זיי צילנ זיכ אלע אינ דיר!

טײַערער העלד, סע דערציטערט די סאָנים
דײַנ דרײסטקײַט, וואָס האָט ניט קײנ שיר.

אונ ווי פּאַכדאָניש די קוילנ זײ שיטנ,
דו שלאָגסט זײ דאָס גאַדלעס אַראָפּ!
האָסט מיטנ שרויפּ זײ די רודערס פאַרשניטנ,—
אונ אָט, אונ אינ דר׳ערד מיטנ קאָפּ!

טײַערער, טײַערער פרײַנט כאַריטאָנאָוו,
גיב נאָכאַמאָל, גיב זײ אונ גיב.
ס׳קענענ אונ רימענ דיכ הײַנט מיליאָנענ
אונ האָבנ באַקומענ דיכ ליב!

## אויסגעפּילט דעם צוזאָג

צוויי פרײַנט זײַנען געגאַנגען
צו אויסשפּירן דעם פײַנט:
זשיטקאָוו און יעפּיפּאַנאָוו,
צוויי יונגע גוטע פרײַנט.

געווינקט האָבן זיך גראָזן,
אין זון און זאַפט געוויקט.
די צוויי זײַנען געקומען
צום וואַלד און זיך געלייגט.

גאָר שטיל גענומען קריכן,
די גראָזן קוים באַרירט:
— אָן־דאָרט שוין שטעקן יענע, —
ווי קונציק פאַרמאַסקירט!

א ווונק די פרײַנט זיך געבן,
און שיידן זיך אַפּגיך,

און יעדערער באזונדער
קלײַבט אויס אַן אָרט פאר זיך.

און אָט שוין נאָענט, נאָענט...
אין פײַנט מע קוקט זיך אײַן.
און אלץ, וואָס אויגן זעען —
אין קאָפּ מע שרײַבט ארײַן.

און וואָס מע דארף פארשרײַבן,
ווערט שטארק געהיט געטאָן.
ווײַל טו א ריר א פאלשן —
פארשפּילסטו באלד דײַן קאָן.

און ווערסט געפאקט פון סוינע,
און ווערסט צונישט געמאכט, —
און פאר דײַן ליבן היימלאנד
קיין נוצן ניט געבראכט.

נאָר דאָ גייט גוט. פארשריבן,
מע קריכט צוריק צום פונקט.
זשיטקאָוו נאָר טראכט: ס'איז ווייניק...
ס'וואָלט גוט געווען „א צונג"!..

ס'האָט ער געשיקט דאָך קינדווײַז
א בריון דעם מארשאל, דאן,

ווען ס'איז זײַן ליבער ברודער
אין רויטארמיי געגאנ.

און צוגעזאָגט: ס'וועט קעמפנ
דער ברודער, ווי א העלד.
און ע ר, פונקט ווי דער ברודער,
ווען ער וועט זײַנ געשטעלט...

ער קריכט און טראכט.—דערזעט ער
א דײַטש, און גאָר ניט ווײַט!..
אין עפּעס דאָרט פארפאָרעט...
נו, טראכט זשיטקאָוו, ס'איז צײַט!

זשיטקאָוו פארהאלט דעם אָטעמ,
קריכט צו און — צאפּ! — אפּגיך
באמ קאָלנער און באמ רימענ —
פארוואָרפט דעם דײַטש אפ זיך,

און קריכט און האלט אימ — אײַזנ!
און קריכט מיט אזא אײַל —
אז יענער, א געפּלעפּטער
בלײַבט שטומ די ערשטע ווײַל.

און ווענ צו זיך געקומענ,
געכאפּט, וואָס ס'איז געשענ, —

האָט דער פאַשיסט דער בראַווער
פאַרקאַטשעט אַ געוויין.

ער גוואַלדעוועט און וואַרפט זיך
מיט הענט און פיס, — אומזיסט!
זשיטקאָוו קריכט גיך צו זײַנע,
האַלט דראַטיק דעם פאַשיסט.

כאָטש פון דער מאָדנער מאַסע
גייט שיר זשיטקאָוו ניט אויס,
פאַר אײַלעניש סע קריכן
די אויגן שיר אַרויס.

סע דריקט אים און סע וואַרגט אים,
און ווײַט איז נאָך צום פונקט.
נאָר פאַרן גיכן אָנגרײַף
איז זייער גוט „אַ צונג"!

ס'האָט ער געשיקט דאָך קינדווײַז
וואָראָשילאָוו אַ בריוו:
מיט לײַב-און-לעב' געשווירן
אין שלאַכט צו זײַן אַקטיוו.

נו, איצט איז ער אַ גרויסער,
און דער מאָמענט איז שאַרף. —

ער איז דעם היימלאַנד נויטיק! —
איז טוט ער, ווי מע דאַרף!..

דערווײַל האָבן די דײַטשן
פאַרשטאַנען יענעמס גוואַלד, —
און אָט, ס'האָט זיך צערודערט
דער פאַרמאַסקירטער וואַלד, —

און מינעס נעמט ער וואַרפן
אין יענער פאַר, וואָס קריכט.
זשיטקאָוו, באַשיצט פון אופרײַס,
ער אײַלט און קוועלט אין זיך:

א דאַנק פאַר די מאַטאָנעס,
וואָס פון פאַרשטעק איר שיקט —
זיי זאָגן אויס די ערטער,
דעם אַדרעס אָפּ צוריק!..

ער אײַלט, ער קריכט, סע רײַסט זיך
די ערד אַרום אַלץ מער,
און שפּליטערס אין אים טרעפן
און מאַזעקן אים שווער.

ער קריכט, ער וויל נאָר זייער,
ניט טרעפן זאָל דער „צונג“.

ער ווייקט אין בלוט... אין ווענענס?
ער פרוווט, צי לעבט דער יונג.

אליינ שוינ שוואכ ער פילט זיכ. —
ער מוז אימ ברענגענ פאַרט,
ער האָט אמאָל דעמ מארשאַל
געגעבנ היימ דאָס וואָרט: —

ניט שווינענ לײַב אונ לעבנ
אינ שלאכט פאר אונדזער היימ,
ניט נאָר דעמ ליבנ ברודערס —
אויכ ס'אייגענע געביינ...

זשיטקאָוו כאפּט אָפּ דעמ אָטעמ,
דערקוויקט פונ נײַעמ מוט.
ער אײַלט, — אונ אָט דערזעט שוינ
די אייגענע... נו, גוט.

מע לויפט אימ שוינ אנטקעגנ,
די „צונג“ מע נעמט אראָפּ.
זשיטקאָוו איז הוילע וווּנדנ, —
אינ פוס, אינ זײַט, אינ קאָפּ.

צוויי טעג איז ער באוווּסטלאָז
געליגנ... — דאנ דערוואכט.

צוערשט געפרעגט, צי נוצנ
די „צונג“ האָט אונדז געבראכט.

„יאָ, ברודער, נוצנ זייער“ —
אים זאָגט דער קאָמאנדיר.
„דער שטאב, די קאָמאנדירונג
צופרידנ איז מיט דיר“.

אונ גיכ איז ג׳זונט געוואָרנ
זשיטקאָוו אונ איז מיט פרייד
אוועק אינ שלאכטנ נײַע,
אפ העלדנטאטנ גרייט!

---

